# מיר זינגען



---

אַרויסגעגעבן דורך דער געזעלשאַפט „קינדער־פריינט"
45, רי ווילען — פּאַריז־20.

# מיר זינגען

זאַמלונג פון אַרבעטער- און פאָלקס-לידער
פאַר קינדער, יוגנט און דערוואַקסענע

פ אַ ר י ז 1948

# פאָרוואָרט

די זאַמלונג לידער איז דורכגעפירט געוואָרן דורך די העלפער (דערציער) פון סקיפּ צום 15-יאָריקן יובילײ פון סאָציאַליסטישן קינדער-פאַרבאַנד סקיפּ אין פראַנקרײך.

מיר ווילן אַזוי אַרום פאַראײביקן בלויז די פּאָפּולערסטע און אָנ-מערסטן באַקאַנטע לידער, וועלכע עס האָבן מיט ליבשאַפט און ענטוזיאַזם געזונגען און זינגען ווײטער די סקיפּיסטן אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן.

גרויס איז לײדער די צאָל אומגעקומענע קינדער פון אונזערע רײען אין די יאָרן פון לעצטן טראַגישן וועלט-געראַנגל.

מיר ווילן דורך אונזער זאַמלונג פאַראײביקן די פרײד און לעבנסלוסט, די זאָרגן און האָפנונגען פון אַלע קינדער-העלדן, קינדער-מאַרטירער.

טײער איז אונז זײער אָנדענק. מיר געדענקען זײ און זענען שטאָלץ מיט זײ.

זינט 1945, האָבן מיר צוריק פאַרפולט אונזערע רײען מיט קינ-דער, וועלכע זענען אַל פּי נעס לעבן געבליבן. די שווערע איבער-לעבונגען האָבן אָבער געלאָזט אַ שטעמפּל אויף די צאַרטע קינדער-נעשאָמעס. דאָס זײן אויסבאַהאַלטן ווי „רײנע אַריער“ האָט מיט-געווירקט צו זײער אַסימילאַציע, פאַרפרעמדקײט.

זיי האָבן געזען פיל שלעכטס, אומגערעכטיקייט, אַכזאָריעס און זעען טראָץ זייער יונגן עלטער געוואָרן סקעפּטיש, ציניש. זיי האָבן אָנגעוואָרן דעם גלויבן אין גוטסקייט פון מענטש.

מיר, וועלכע האָבן דאָס אַלץ מיטגעמאַכט, האָבן פאַרשטאַנען די טיבעס פון אָט די שטריכן ביים יידישן קינד. מיר האָבן אָנגע-הויבן פונדאָסניי, מיט פיל אויפמערקזאַמקייט און געדולד — שטופנווייז קעגנצווווירקן דאָס שלעכטס. מיר האָבן געטאָן אַלץ, קעדיי צוריק צוצובינדן דאָס יידישע קינד צו זיין שטאַם, צו דעם אַזוי שווער געפרוווטן יידישן פאָלק.

דערנענטערן זיי צוריק צו אונזער מאַמע-לאָשן, צו דער שפּראַך, אין וועלכער מיליאָנען אונזערע טאַטעס, שוועסטער און ברידער האָבן די וועלט געזונגט בעאייס זייער אומשולדיקן אומקום.

מיר האָבן זיי דערציילט וועגן די העראָישע געטאָ-קעמפער, וועגן די קאַמפן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג פאַר אַן אַנדערער, בעסערער וועלט-אָרדנונג, זיי באַקענט מיט דער געשיכטע פון אונזער פאָלק.

מיר האָבן זיי פאַרבונדן מיט די אַרבעטער-קינדער פון אַלע לענדער, זיי צוריק אָנגעשלאָסן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער רויט-פאַלקן-באַוועגונג.

זיי האָבן אין די אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענקונפטן דערפילט זיך איבעראַניים ווי גלייכע בירגער פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער קינדער-מאַכנע, וועלכע טיילן די זעלבע האָפנונגען, דעם זעלבן גלויבן אין אַ צוקונפטיקער, יאָשערדיקער וועלט.

סאָלידאַריטעט, פאַרברידערונג פון קינד צו קינד, פון מענטש צו מענטש אָן אונטערשייד פון ראַסן-אָפּשטאַמונג און לאַנד — האָט באַקומען פאַר זיי אַ בוילעטן אינהאַלט.

מיר האָבן זיי אַרויסגעפירט זינגענדיק איבער וואַלד און פעלד, דורך אונזערע וואַנדערונגען, שפּילערייען און געזאַנג האָבן מיר אין זיי דערוועקט איבעראַנייס קינדערישע פרייד. ווידער האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אויף די פאַריאָסעמטע, פאַרזאָרגטע פּנימלעך.

אַ גאַר וויכטיקע ראָל אין דער דערציאונג שפּילט דאָס ליד, רעציטאַציע, אינסצעניזאַציע. דאָס נוצן מיר אויס ווי איינעם פון די מיטלען קעגנצווירקן דער אַסימילאַציע. דורך דעם באַקענען מיר נענטער דאָס יידישע קינד מיט די שאַפונגען פון אונזערע יידישע פּאָעטן און יידישע קאָמפּאָזיטאָרן.

ווי גוט מען לערנט זיך אַ יידישן טעקסט, וועלכער דערציילט וועגן העלדישע אויפשטענדלער אין די געטאָס, וועגן מוטיקע קעמפער פאַר פרייהייט און גלייכהייט, וועגן פאַרברידערונג פון פעלקער, וועגן פריינטשאַפט, ליבע צו אַרבעט. ווי גוט עס זינגט זיך, מאַרשירנדיק אויף זוניקע וועגן, אין פרייען פעלד, אויפן שויס פון דער נאַטור.

ווי זינגט זיך גערן וועגן פרילינג, וועגן מאַי, וועגן דערוואַכונג, וועגן שיינע פויגל, וועגן בלומען, וואָס בליען, וואַסערן, וואָס פליסן און בערג, אויף וועלכע עס גלוסט זיך דערגרייכן די מאַיעסטעטישע הויכן.

ווי שטימונגספול זינגט זיך עס אין אָוונט ביי אַ פייער, ווען אַלץ אַרום איז שטיל, שטיל...

ווי האַרציק קלינגט אַ שיינע, יידישע מעלאָדיע, אַ וויג-ליד פון אונזער מאַמען. אַלע טרוימען און פאַרלאַנגען ווערן אַזוי ליריש אויסגעדריקט דורך אונזער ליד.

לידער פון אַמאָל, פאָלקס-לידער שטענדיק אַקטועלע, לידער פון נעכטיקן צאַר און פיין און פון היינטיקן באַנייטן מוט.

אין אָט דער זאַמלונג וועט איר געפינען אַ געקליבענעם מאַטע-ריאַל, וועלכער איז צוגעפאַסט צום אינהאַלט און גייסט פון אונזער דערציאונגס-אַרבעט.

ווידעראַמאָל האָבן מיר אַ זינגענדיקע, פריידיקע, שטאָלצע קינ-דער-מאַכנע, וואָס פילט אויס אונזערע רייען.

„זינגענדיק שאַפן מיר — שאַפנדיק זינגען מיר".

טאָ זינגט מיט אונז אינאיינעם אָט די האַרציקע, יידישע לידער, וואָס רעדן מיט זייער פילבאַרער מעלאָדיע און קלינגענדיקן וואָרט צו די טיפענישן פון אונזער האַרץ און נעשאָמע.

**העלפער-קרייז ביים סקיפ**
**אין פראַנקרייך.**

# אינטערנאַציאָנאַל

שטייט אויף, איר אַלע, ווער, ווי שקלאַפן
אין הונגער לעבט איר און אין נויט!
דער גייסט, ער קאָכט, ער רופט צו וואַפן,
אין שלאַכט אונז פירן איז ער גרייט

די וועלט פון גוואַלד־טאַטן און ליידן
צעשטערן וועלן מיר, און דאַן
פון פרייהייט, גלייכהייט אַ גאַניידן
באַשאַפן וועט דער אַרבעטסמאַן.

רעפריין:

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט.
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטייט אויף איר אַרבעטסלייט!

ניין, קיינער וועט אונז נישט באַפרייען
נישט גאָט אַליין און נישט קיין העלד,
מיט אונזער אייגענעם קליי ־ זייען
אַ רעטונג ברענגען מיר דער וועלט.

אראָפּ דעם יאָך! גענוג שוין געליטן!
גענוג פאַרגאָסן בלוט און שווייס!
צעבלאָזט דאָס פייער, לאָמיר שמידן,
קאָל-זמאַן דאָס אייזן איז נאָך הייס!

רעפריין : . . .

דער אַרבעטסמאַן וועט זיין מאַמשאָלע
פאַרשפּרייטן אויף דער גאַנצער ערד
און פּאַראַזיטן די מאַפּאָלע
באַקומען וועלן פון זיין שווערד.

די גרויסע שטורעם - טעג, זיי וועלן
נאָר פאַר טיראַנען שרעקלעך זיין
זיי קענען אָבער נישט פאַרשטעלן
פאַר אונז די העלע זונען - שיין.

רעפריין : . . .

ש. אַנ-סקי

# די שבועה

ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט,
אַלע, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט,
צוזאַמען, צוזאַמען די פאָן איז גרייט
זי פלאַטערט פון צאָרן, פון בלוט איז זי רויט.
אַ שבועה, אַ שבועה אויף לעבן און טויט!

רעפריין:

היםל און ערד וועלן אונז הערן,
איידעס וועלן זיין די ליכטיקע שטערן.
אַ שבועה פון בלוט,
אַ שבועה פון טרערן,
מיר שווערן, מיר שווערן, מיר שווערן!

מיר שווערן צו קעמפן פאַר פרייהייט און רעכט
מיט אַלע טיראַנען און זייערע קנעכט.
מיר שווערן באַזיגן די פינסטערע מאַכט,
אָדער מיט העלדנמוט צו פאַלן אין שלאַכט,
אַ שבועה, אַ שבועה אויף לעבן און טויט!

רעפריין:...

מיר שווערן אַ טרייהייט אָן גרענעצן צום „בונד"
נאָר ער קען די שקלאַפן באַפרייען אַצינד;
זיין פאָן, די רויטע איז הויך און ברייט
מיר שווערן אַ טרייהייט אויף לעבן און טויט!
צו שווע, צו שווע אויף לעבן און טויט!
רעפריין:...

## די יונגע גוואַרדיע

דעם מאָרגנרויט אַנטקעגן
ווען קוים די זון דערשיינט;
פאַרנעמען מיר די וועגן
זאָל ציטערן דער פיינט!
פאָרויס, פאָרויס מיט פעסטע טריט !
מיר וואַרטן נישט, מיר צווייפלען נישט,
ווייל מיר — די יונגע גוואַרדיע
פון פּראָלעטאַריאַט! } ביס

פון קינדווייז אָן מיר פילן
דעם יאָך פון שווערער נויט;
ווען קינדער דאַרפן שפּילן =
מיר אַרבעטן אויף ברויט.

אין קייטן שווער די פיס געשמידט;
דאָך שטאַרק און שטאַרקער אונזער טריט,
ווייל מיר — די יונגע גוואַרדיע
פון פראָלעטאַריאַט! } בים

די נויט האָט אונז געצוואונגען
דערקענען וואָס ניִשט גלייך;
מיר אַרבעטן אין הונגער
צו מאַכן ווערמען רייך.

דערפאַר דיקטירט אונז דער פאַרשטאַנד:
דאָס רייכטום ליגט אין אונזער האַנט!
ווייל מיר — די יונגע גוואַרדיע
פון פראָלעטאַריאַט! } בים

מיר שליסן אַלע אָרעמע
און פעסט איז אונזער בונד;
זאָל זינגן דער, וואָס אָרעם
און רייך זאָל גיין צום גרונט!

דער אַרבעטסמאַן דערהייבט זיין שווערד:
און ביז דער פיינט פאַרניכטעט ווערט —
פאָרויס, די יונגע גוואַרדיע
פון פראָלעטאַריאַט! } בים

# סקיפ - הימן

מיר זענען קינדער אַלע גלייכע,
מיר שאַפן אַלע איין פאַריין,
נישטאָ קיין אָרעמע, קיין רייכע,
מיר בויען אונזער וועלט אַליין.

רעפריין : זאָלן לעבן די קינדער,
זאָלן וואַקסן ביז גרויס,
צו אַרבעט, צו בויען,
מיט לידער שפּאַנט פאָרויס!

דער טאַטע אַרבעט אין וואַרשטאַטן
די מאַמע אַרבעט אין פאַבריק
און מיר — צוזאַמען מיטן טאַטן
פאָרויס, קיין איינציק טריט צוריק !

רעפריין : . . . .

נעמט אַרבעטס־קינדער זיך צוזאַמען
מאַרשירט געשלאָסן האַנט אין האַנט
זייט שטאַרק, ווי פעלזן און ווי שטאַמען
זייט שטאַרק און טריי דעם סקיפ־פאַרבאַנד
שפּאַנט פאָרויס, ליבע קינדער
אין דער צוקונפט אַריין,
שטאָלץ, דרייסט, פעסט און מוטיק
פאָרויס לאָמיר גיין !

# פרײנטשאַפטס - ליד

קומט און גיט די הענט זיך,
שליסט זיך אָן אין אונזער ראָד, —
זאָל קײנמאָל אונזער פרײנטשאַפט
נישט זײן מער באַדראָט.
מיר קעמפן פאַר פרידן,
פאַר פרײהײט און פאַר גליק,
דעם שװאַכן און מידן
מיר לאָזן נישט צוריק. } בים
אױס טרױער און זאָרגן,
הײנט לאַכן מיר פרײ,
פאַר אַ בעסערן מאָרגן —
מיט פרײד אין אונזער רײ!
װען מיר גײען פאַרברידערט,
װערן שװערע זאָרגן — לײכט,
עס האָט שױן די פרײנטשאפט
אונזער ציל דערגרײכט. } בים
קומט, מאַרשירט צוזאַמען
מיט פעסטע טריט;
מיר טאָרן נישט זאמען —
עס רופט דאָס פרײהײטס-ליד
פול האָפנונג און גלױבן,
צום אַרבעטער - זיג.
די פענער מיר הױבן —
פאָרױס, קײן טראָט נישט צוריק! } בים

ש. אַנ-סקי

## צום „בונד"

אין זאַלציקן יאַם פון די מענטשלעכע טרערן
געפינט זיך אַ שרעקלעכער טהאָם; (בים)
ער קאָן שוין נישט טיפער, נישט פינצטערער ווערן, } בים
אים צייכנט אַ בלוטיקער שטראָם...

דעם טהאָם האָבן טויזנטער יאָרן געגראָבן
עמונע און סינע און פיין (בים)
און טויזנטער יאָרן, אַלץ טראָפן נאָך טראָפן — } בים
עס גיסן זיך טרערן אַריין.

דעם אַרבעטער ווער וועט ענדלעך דערלייזן
פון הונגער און אייביקער לייד? (בים)
און ווער וועט דעם וועג אים צו פרייהייט באַווייזן, } בים
צו ברודערשאַפט, גלייכהייט און פרייד?

דער אַרבעטער וועט די וועלט באַפרייען און היילן,
ווען ס'וועט דערגרייכן דער טהאָם ביז צום גרונט; (בים)
זאָל לעבן פון רוסלאַנד, פון ליטע און פוילן — } בים
דער יידישער אַרבעטער „בונד".

דאָוויד איינהאָרן

# מיט דער שווע פון „בונד"

אָרעם אין אָרעם, דעם סוינע אַנטקעגן,
פון צאָרן צעגליט און פון גוירל געשמידט,
טרעטן מיר האַרט אויף באַלאַגערטע וועגן,
דורך בלוט און דורך פייער מיט אייזערנע טריט.
די נויט האָט אונז לאַנג אין די קעלערס פאַרבאָרגן,
געלערנט אין צוואַנג פון די זאָרגן דעם גאַנג,
געהאַמערט דעם ווילן צום אויפמאַרש פון מאָרגן.
אין שטיינערנע טפיסעס, אין קייטן־געקלאַנג.
קיין טייוול, קיין גאָט וועלן שטערן אונז גרינדן
די וועלט אויף אַ נייעם, געדעכטן יעסאָד;
ווער עס לעבט פון צווייטן — וועט מוזן פאַרשווינדן,
נאָר דער, וועלכער אַרבעט און שאַפט — יענער האָט.
אַרויס פון פאַבריקן און שאַכטן, מיליאָנען!
פאַראייניקט צוזאַמען מיט ליבע און האַס,
פאַרברידערט די פעלקער, פאַרבינדט די נאַציאָנען!
איצט גייט נאָר איין שלאַכט:
דאָס איז קלאַס קעגן קלאַס!
איין האַרץ, — אַלע הערצער, די ווונדן — איין וווּנד;
איין ווילן פון אַלע — די וועלט צו באַפרייען,
צוזאַמען מיט אייך אין געשלאָסענע רייען
מאַרשירן מיר פריי מיט דער שווע פון „בונד"!

# הימן פון ווינער פּראָלעטאַריאַט

מיר זענען דאָס בוי־פאָלק פון קומענדער וועלט,
מיר זענען די זייער, די זריע, דאָס פעלד.
מיר זענען די שניטער פון קומענדן שניט,
מיר זענען די צוקונפט — פאָרויס אונזער טריט!

רעפריין:

טאָ פלאַטערט פלאַמענדע, איר רויטע פענער
צו שיינער צוקונפט צייט אַהין,
עס קעמפן יוגנט, פרויען און מענער,
עס קעמפן ארבעטער פון ווין.

אויס שקלאַפן פון מאַשינען, האַרן פון דער וועלט,
טוען מיר היינט בלויז דאָס, וואָס אונז געפעלט.
ביז איצטער האָבן מיר פאַר פרעמדע נאָר געשאַפט,
היינט רייסן מיר די קייטן, וואָס צוימען אונזער קראַפט.

רעפריין:...

אַנטקעגן געפאַרן מאַרשירן מיר דרייסט,
מיר שלאָגן דעם סוינע און שטאַרקן דעם גייסט.
אַלע געפאַרן צעברעכט אונזער פויסט,
ווען ס'שלאָגט אונזער מאַכנע, געשלאָסן, צעברויזט.

רעפריין:...

# סאָציאַליסטן - מאַרש

אָ, סאָציאַליסטן, שליסט די רייען,
עס שאַלט דער קאַמפּס - רוף: אייניק זיין!
עס רופט די אַרבעט צו באַפרייען,
עס רופט די פרייהייט: גרייט צו זיין!

דאָס גאַנצע גליק פון זונען - פּראַכט,
דאָס גרויסע גליק פון וויסנס - מאַכט
איז דאָך אונז אַלעמען געגעבן,
דאָס איז דער ציל, צו וואָס מיר שטרעבן,

דאָס איז דער הייליקער אַרבעטער - קריג,
מיט אונז דאָס פאָלק, מיט אונז דער זיג!

איר אומגעציילטע פיל מיליאָנען,
אין שאַכט, אין פעלד, אין שטאָט, אויף לאַנד.
איר ווערט דערדריקט פון הונגער - לוינען
דאָך רייכטום פיל שאַפט אייער האַנט.

טאָ הויבט-זשע הויך די פרייהייט-פאָן
דער הייליקער קריג שוין הויבט זיך אָן...
פון נויט און לייד אייך צו דערהויבן.
דאָס איז דער ציל, צו וואָס מיר שטרעבן.

דאָס איז דער הייליקער אַרבעטער-קריג
מיט אונז דאָס פאָלק, מיט אונז דער זיג !

# ברידער, מיר האָבן געשלאָסן

אָ, ברידער מיר האָבן געשלאָסן,
אויף לעבן און טויט אַ פֿאַרבאַנד;
מיר גייען אין קאַמף, ווי גענאָסן,
די פֿאָן — די רויטע אין האַנט...

און טרעפֿט דיך אַ קויל, מיין געטרייער,
אַ קויל פֿון דעם סוינע — דעם הונט.
מיר נעמען דיך אַרויס פֿון דעם פֿייער
און היילן מיט קושן דיין וווּנד.

ביסטו געפֿאַלן אַ טויטער,
די אויגן, די ליפּן פֿאַרמאַכט.
מיר וויקלען איין דיך אין דער פֿאָן דער רויטער,
און פֿאַלן צוזאַמען אין שלאַכט...

ד. עדעלשטאַט

# מיין צוואָע

אָ גוטע פריינט, ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָגט צו מיין קייווער אונזער פאָן, —
די פרייע פאָן מיט רויטע פאַרבן,
באַשפּריצט מיט בלוט פון אַרבעטסמאַן.

און דאָרט אונטער דער פאָן דער רויטער,
זינגט מיר מיין ליד, מיין פרייעס ליד!
מיין ליד „אין קאַמף“, וואָס קלינגט ווי קייטן
פון דעם פאַרשקלאַפטן קריסט און ייד.

אויך אין מיין קייווער וועל איך הערן
מיין פריידיק ליד, מיין שטורעם־ליד,
אויך דאָרט וועל איך פאַרגיסן טרערן
פאַר דעם פאַרשקלאַפטן קריסט און ייד.

און ווען איך הער די שווערדן קלינגען
אין לעצטן קאַמף פון בלוט און שמאַרץ —
צום פאָלק וועל איך פון קייווער זינגען
און וועל באַגייסטערן זיין האַרץ.

# איז געפֿאַלן אַ דעמב

איז געפֿאַלן אַ דעמב, אַ צעוואָקסענער דעמב,
מיט אַ קאָפּ פֿון אַרומיקע העכער.
ס'האָט אַ הודזשע געטאָן אויף אַרומעט דער קראַך,
ס'האָט צעספּאַזמעט דער וואַלד זיך, צעוויינט און צעלאַכט
און אַנטשוויגן געוואָרן אַ בלייכער.

איז געפֿאַלן אַ דעמב, איז געפֿאַלן אַ דעמב,
שטייען יונגע אַרומעט פֿאַרומערט —
ווער וועט וואַכן פֿאַר אונז אין דער פֿינצטערער נאַכט,
ווער וועט וועקן צום קאַמף מיט דער פֿינצטערער מאַכט
אַז די צייט האָט דעם עלטסטן פֿאַרנומען?

איז געפֿאַלן אַ דעמב, אַ צעוואָקסענער דעמב,
ביז דעם וואָרצל, דעם טיפֿן פֿאַרשניטן.
האָט דער אָפּהילך פֿון קראַך זיך צעטראָגן ווייט, ווייט...
האָט אַליין פֿאַר איר טאַט זיך דערשראָקן די צייט
און פֿאַרשעמט ווי דעם וואַלד אויסגעמיטן...

# אויף אַ באַרג

אויף אַ באַרג פֿול מיט קוואָרים
פֿלאַטערט שטאָלץ אַ רויטע פֿאָן
און פֿון אָפּגרונט רופֿט אַ באַס - קאָל: } ביס
יאָרצייט, ברידער, גרייט זיך אָן!...

און דאָס בלוט, וואָס ווערט פֿאַרגאָסן
רופֿט צו ראַכע, רופֿט צו קריג.
יאָרצייט ברידער גרייט זיך אָן שוין, } ביס
אונזער איינהייט איז אַ זיג!

הערש גליק

## זאָג נישט קיינמאָל

זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלאָע טעג!
קומען וועט דאָך אונזער אויסגעבענקטע שאָ —
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונזער טראָט — מיר זענען דאָ!

פון גרינעם פאַלמענלאַנד ביז לאַנד פון ווייסן שניי,
מיר קומען אָן מיט אונזער פּיין, מיט אונזער וויי
און ווו געפאַלן ס'איז אַ שפּריץ פון אונזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונזער גוורע, אונזער מוט.

ס'וועט די מאָרגן־זון באַגילדן אונז דעם היינט
און דער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט,
נאָר אויב פאַרזאַמען וועט די זון אין קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל גיין דאָס ליד פון דאָר צו דאָר!

דאָס ליד געשריבן איז מיט בלוט און נישט מיט בליי,
ס'איז נישט קיין לידל פון אַ פויגל אויף דער פריי,
דאָס האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

טאָ זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלאָע טעג.
קומען וועט דאָך אונזער אויסגעבענקטע שאָ, —
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונזער טראָט — מיר זענען דאָ!

ש. קאַטשערגינסקי

# יוגנט־הימן

אונזער ליד איז פול מיט טרויער —
דרייסט איז אונזער מונטער־גאַנג!
כאָטש דער סוינע וואַכט ביים טויער
שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג:

רעפריין: יונג איז יעדער, יעדער, יעדער ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַדייט,
אַלטע קענען, קענען קענען אויך זיין קינדער
פון אַ נייער, פרייער צייט.

ווער עס וואָגלט אום אויף וועגן,
ווער מיט דרייסטקייט פ'שטעלט זיין פוס, —
ברענגט די יוגנט זיי אַנטקעגן
פון דעם געטאָ אַ גרוס. רעפריין...

מיר געדענקען אַלע סאָנים,
מיר געדענקען אַלע פריינט;
אייביק וועלן מיר דערמאָנען,
אונזער נעכטן מיטן היינט. רעפריין:...

קלייבן מיר צונויף די גלידער,
ווידער שטעלן מיר די רייי.
גייט אַ בויער, גייט אַ שמידער, —
לאָמיר אַלע גיין מיט זיי! רעפריין:...

## יעדן פרי (טעבלינקע־מאַרש)

יעדן פרי, יעדן פרי
קלאַפּט דיין פּוס יעדן טאָג אויפן האַרטן ברוק.
און די שיך, דיינע פיס,
איז אין גאַנג אויף דעם ברוק שוין געוואָרן מיד.
ווו דו גייסט זיך נאָר אַ קער, ווו דו גייסט זיך נאָר אַ דריי,
האָט די וועלט אַלע טויערן געשלאָסן נאָר פאַר זיי.
שוין גענוג, שוין גענוג
קלאַפּט דיין פּוס יעדן טאָג אויפן האַרטן ברוק.

און די שיך, דיינע פיס.
קלאַפּן אויס יעדן מאָרגן דעם אַרבעטס־טאָג פאַר זיך,
און די שיך, דיינע פיס
איז אין גאַנג אויף דעם ברוק שוין געוואָרן מיד.
אָ, איר פיס, איר מוזט אַלע דערפילן דעם באַפעל,
ווען די צייט וועט קומען — דאַן וועט איר לויפן שנעל.
שוין גענוג, שוין גענוג, שוין גענוג, שוין גענוג,
קלאַפּט דיין פּוס יעדן טאָג אויפן האַרטן ברוק.

אָ, איר פיס! איר מוזט גיין!
פאַטש פאַרמאַטערט, פאַרבלוטיקט און בלייבן שטיין!
אָ, איר פיס, איר מוזט אַלע דערפילן דעם באַפעל,
ווען די צייט וועט קומען — דאַן וועט איר לויפן שנעל
שוין גענוג, שוין גענוג!
קלאַפּט דיין פּוס יעדן טאָג אויפן האַרטן ברוק.

ל. ראָזענטאַל

## צו איינס, צוויי דריי...

עס האָט אונז דאָס לעבן גערופֿן
דאָס לעבן אויף זוניקע טעג,
האָט יעדער אין לאַנד אַזוי מונטער געשפּאַנט,
און באַזונדער געגאַנגען אין וועג.
צו איינס, צוויי דריי —
צו איינס, צוויי דריי —
אויף אַרבעט אין וועג זיך געלאָזט,
יעדער טראָט האָט זיין קלאַנג,
יעדער וועג זיין געזאַנג
ווען די ווייסט, ווו די גייסט און פֿאַרוואָס.

איצט איז פֿאַר אונז פֿאַרוועדט טראָטואַרן,
כאָטש אַנדערע גייען דאָרט פֿריי,
און מיר, טוט אַ קוק אויפֿן שטיינערנעם ברוק,
אונטער אייזערנע קלעפּ פֿון נאַגיי.
צו איינס, צוויי דריי —
צו איינס, צוויי דריי —
דעם ברוק האָט מען אונז נאָר געלאָזט,
האָט דער טראָט אַזאַ קלאַנג,
גאָר אַן אַנדער געזאַנג,
ווען די גייסט און די ווייסט נישט פֿאַרוואָס?

עס האָבן אַלטע און יונגע
דאָס לעבן געבויט און געהאָפט,
ביז ס'האָט אַזאַ שווערד,
אַלץ פאַרוויסט פון דער ערד
און געפירט האָט מען אונז ווי די שאָף,
צו איינס, צוויי דריי —
צו איינס, צוויי דריי —
אַזוי ווי די שאָף זיך געלאָזט,
האָט דיין פרוי און דיין קינד,
און דאָס גאַנצע געזינד
זיך געפרעגט ווו אַהין און פאַרוואָס?

נאָר ברידער, אַן אַנדער־ער ריטם
וועט באַלד צו דיין אויער דערגיין
און די, וואָס פאַר שרעק
געווען ערשט פאַרשטעקט,
שפּאַנען מיט אונז
נישט אַליין.
צו איינס, צוויי דריי —
צו איינס, צוויי דריי —
די געפּלער, דעם טויער פאַרלאָזט!
ס'האָט דער טראָט אַזאַ קלאַנג
גאָר אַן אַנדער געזאַנג
ווען דו גייסט און דו ווייסט נישט פאַרוואָס?

ל. ראָזענטאַל

# ייסראָליק

נו, קויפּט־זשע פּאַפּיראָסן,
נו, קויפּט־זשע סאַכאַרין,
געוואָרן איז היינט שפּוירע ביליק ווערט.
אַ לעבן פאַר אַ גראָשן,
אַ פּרוטע — אַ פאַרדינסט...
פון געטאָ־הענדלער האָט איר דאָך געהערט?

רעפריין: כ'הייס ייסראָליק,
איך בין דאָס קינד פון געטאָ,
כ'הייס ייסראָליק —
אַ הefקערדיקער יונג.
כאָטש פאַרבליבן גאָלע־נעטאָ,
דערלאַנג איך אַלץ נאָך
אַ סווישטשע און אַ זינג:

אַ מאַנטל אָן אַ קראַגן,
טאַכטוינים אָן אַ זאָק,
קאַלאָשן האָב איך — ס'פעלן נאָר די שיך
און ווער עס וועט נאָר וואַגן
צו לאַכן אוי אַ סאַך,
דעם וועל איך נאָך באַווייזן, ווער בין איך!
רעפריין:...

נישט מיינט מיך האָט געבאָרן
די העפקערדיקע גאַס —
ביי טאַטע - מאַמע אויך געווען אַ קינד.
כ'האָב ביידן אָנגעוואָרן,
נישט מיינט עס איז אַ שפּאַס.
כ'בין איצט געבליבן, ווי אין פעלד דער ווינט.

רעפריין:...

כ'הייס ייסראָליק
נאָר ווען קיינער זעט נישט,
וויש איך שטיל פון אויג
אַראָפּ אַ טרער...
נאָר פון מיין טרויער
בעסער, אַז מען רעדט נישט.
צו וואָס דערמאָנען
און מאַכן ס'האַרץ זיך שווער?...

# זומפּלאַנד

## יידיש — מ. אָלגין

ווי עס טוט דאָס אויג אַ בליק,
פּלאַכע זומפּלאַנד אומעטום.
פויגל־שטים אונז נישט דערקוויקט,
דעמבעס שטייען נאַקעט, קרום.

רעפריין:

מיר זענען זומפּלאַנד־ברידער
און שפּאַנען מיט רידל — אין זומפּ!

אויף און אָפּ מאַרשירן פּאָסטנס,
קיינער קען דאָ נישט אַרויס,
לויפן, וועט דאָס לעבן קאָסטן,
הויך די צוים, די וואַך איז גרויס.

רעפריין:

דאָך מיר טאָרן זיך נישט קלאָגן,
ווינטער קען נישט אייביק זיין.
ס'קומט אַ טאָג, מיר וועלן זאָגן:
פרייהייט, ביסט ווידער מיין!

רעפריין:

דאַן גייען זומפּלאַנד־ברידער
נישט מער שוין מיטן רידל — אין זומפּ!

כ. בּרווידאָ

## צו אַ בּעסערן מאָרגן

אין לעבנס - צײַטן גראָע, שווערע,
ווען שטורעם הערשט אויף גאָר דער ערד,
העלפט נישט דאָס פאַרגיסן טרערן,
העלפט נישט קלאָגן: אַז „ס'איז באַשערט".
ס'איז אַ ווינט, וואָס רײַסט אויס גאַנצע גלידער,
ס'איז אַ ווינט, וואָס נאָיעט אין געביין,
מיר בויגן זיך און וועלן אויפשטיין ווידער.
און מיר וועלן ווײַטער גיין!

מיר שפּאַנען צום בּעסערן מאָרגן,
מיר גייען צו אַנדערע טעג,
און כאָטש ס'איז די פרייד נאָך פאַרבאָרגן,
דאָך ציט זיך פאָרויס אונזער וועג.
עס שמייכלט פון ווײַטן,
אַ וועלט אַ באַנײַטע,
צעצויבערט, צעבליט און צעבלומט,
מיר זעען די גלויבער
אין אָט אַ דעם צויבער, ביס
מיר ווייסן אויף זיכער: עס קומט!

# איך ליב די אַרבעט

איך ליב די אַרבעט אָן אַ שיר } בים
איך בין אַ פֿריינט צו איר
שטענדיק פֿריילעך, שטענדיק מונטער,
אַז כ'אַרבעט איז מיין גייסט געזונטער,
שטענדיק מונטער,
אַז כ'אַרבעט איז מיין גייסט געזונטער.
וועבן זיך געדאַנקען,
אַרבעט, אַרבעט, אַרבעט,
וועקן זיך פֿאַרלאַנגען
אַרבעט, אַרבעט, אַרבעט.
מישט זיך אויס, מאַשינען־רויש (בים)
מיט האַרציקע געזאַנגען.

אַרבעט, אַרבעט, אַרבעט, אַרבעט,
אַרבעט ברענט,
אַ וואָרף דעם קאָפּ
אַ וואָרף די הענט
צעפּאַטלט האָר
די אַרבעט ברענט
סאָפּעט, ברויזט און אָטעמט פֿריי
קלאַפּט דאָס האַרץ אין קלאַפּעריי
מיט האַמערס און מאַשינען (בים)
איך אַרבעט, איך אַרבעט.

איך ליב די אַרבעט אָן אַ שיר
איך בין אַ פריינט צו איר
שטענדיק פריילעך, שטענדיק מונטער
אַז כ'אַרבעט איז מיין גייסט געזונטער
מיין גייסט געזונטער, מיין גייסט געזונטער
געזונטער, געזונטער.

## מיר שמידן

מיר שמידן, און שמידן ביי טאָג און ביינאַכט,
די רינגען זיי ווערן אָן אויפהער געמאַכט;
אָן אויפהער געשמידט און געפיילט און געהאַמערט,
אַ רינג אין דעם צווייטן ווערט פלייסיק געקלאַמערט,
די גאָלדענע קייט (בים).

מיר פלעכטן און פלעכטן און ווערן נישט מיד,
דער גייסט און דער האַמער זיי זינגען דאָס ליד.
מיר טאָרן נישט זאַמען, נאָר שמידן און פלעכטן
מיר מוזן באַפרייען דעם היינט פון דעם נעכטן
ס'איז נאָענט שוין דער זיג! (בים)

# מאַשינען

מאַשינען הודזשיען, בינען,
ס'ציטערן די ווענט.
כ'שטיי דאָ ביי מאַשינען,
מיט צעגליטע הענט.
ס'ווערן דאָ געשאַפן טויזנטער פּאָר שיך
רעדעלעך און פּאַסן לויפן אַזוי גיך.

ס'הודזשעט דער באַגינען.
ס'הודזשעט דער הודאָק.
שטילער זייט מאַשינען,
רוט אַ ביסל אָפּ.

מאַשינען הודזשען, בינען.
ס'ציטערן די ווענט.
כ'שטיי דאָ ביי מאַשינען
מיט צעגליטע הענט.

# מיר זענען שמידער

מיר זענען שמידער, עס קלאַפּט דער האַמער,
עס פליען פונקען אָן אַ שיר;
טאָ הויבט זשע העכער, דעם שטאַרקן האַמער,
ווייל אַרבעטס־קינדער זענען מיר.

מיר זענען שמידער פון נייעם לעבן,
מיר שאַפן גליק פאַר יעדן לאַנד.
און נישט אומזיסט איז אונזער שטרעבן,
און נישט אומזיסט קלאַפּט אונזער האַנט.

פון יעדן קלאַפּ שיינט אויף דער הימל
אַ ווילדע, פינסטערע נאַכט פאַרגייט.
עס פאַלט אַראָפּ דער אַלטער שימל,
פון פּיין, פון ליידן און פון נויט.

## ווען דו אַקערסט

און דו אַקערסט און דו זייסט,
און דו פיטערסט און דו נייסט;
און דו האַמערסט און דו שפּינסט —
זאָג מיין פאָלק, וואָס דו פאַרדינסט ?

רעפריין :

גלין גלאָן, גלין גלאָן...
קלאַפּט דער האַמער
מיט זיין געזאַנג
גלין גלאָן, גלין גלאָן
צעריים די קייטן
פון שקלאַפּ־צוואַנג

וועבסט דיין וועבשטול טאָג און נאַכט,
גראָבסט אויס אייזן פון דער שאַכט
ברענגסט די שעפע אונז אַריין,
פול מיט טווע און מיט וויין.

רעפריין:...

נאָר ווו איז דיין טיש געגרייט —
וועלכעס איז דיין יאָנטעוו קלייד ?
אָ, ווו איז דיין שטאַרקער שווערד ?
וואָסער גליק איז דיר באַשערט ?

רעפריין:....

שאַפסט די אויצרעס אָן אַ שיר
אַלצדינג נאָר נישט פאַר דיר,
און פאַר זיך האָסטו אין נויט
אויסגעשמידט אַ שווערע קייט

רעפריין:....

מאַן פון אַרבעט אויפגעוואַכט,
און געדענק דיין גרויסע מאַכט !
ווען דיין שטאַרקע האַנט נאָר וויל,
שטייען אַלע רעדער שטיל.

רעפריין:....

א. רייזען

# העמערל

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ,
שלאָג שטאַרקער אַ טשוועק נאָך אַ טשוועק;
קיין ברויט איז אין שטוב שוין נישטאָ,
נאָר צאָרעס און לייד אָן אַ ברעג.
} בים

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ,
דער זייגער, ער שלאָגט שוין באַלד צוועלף.
די אויגן, זיי מאַכן זיך צו,
גיב קויעך, אָ, גאָטעניו, העלף!
} בים

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ,
שלאָג שטאַרקער די טשוועקעס, שלאָג גיך!
ביז מאָרגן מוז פאַרטיק שוין זיין
דער גענוויערטעס טעכטערלס שיך.
} בים

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ,
נישט גליטש פון מיין האַנט זיך אַרויס!
מיין איינציקער שפּייזער ביסטו,
פון הונגער אָן דיר גיי איך אויס...
} בים

א. רייזען

# די וואַנט

די אויגן — פול צאָרן, פאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער — זיי שלאָגן מיט קראַפט און מיט מוט,
מיר שטייען ביי אַ הויכער, געמויערטער וואַנט,
מיט העק און מיט האַמערס, מיט אייזנס אין האַנט:
מיר ברעכן, מיר ברעכן די אייזערנע וואַנט!

די וואַנט איז געמויערט גאָר שטאַרק און גאָר דיק;
פאַרצוימט אונז די וועגן צום לעבן, צום גליק:
פאַרשטעלט אונז די ליכטיקע זון און זי מאַכט
פון ליכטיקן טאָג אונז אַ פינסטערע נאַכט,
מיר ברעכן, מיר ברעכן די אייזערנע וואַנט

און פאַלט פון דער שטיינערנער וואַנט ווען אַראָפּ,
אַ שטיין צי אַ ציגל, טרעפט וועמען אין קאָפּ, —
די איבעריקע בלייבן דאָך שטיין גאָר אָן שרעק,
און אַרבעטן ווייטער, מען לויפט נישט אַוועק —
מיר ברעכן, מיר ברעכן די אייזערנע וואַנט!

די אַרבעט דאַרף דויערן, די אַרבעט איז שווער —
פאַרזאַמלט זיך ברידער, קומט אַלע אַהער!
זאָל יעדערער צולייגן פעסטער זיין האַנט,
מיר וועלן די הויכע, די פינצטערע וואַנט
צעברעכן, צעברעכן די אייזערנע וואַנט!

## ווער בראַנעוועט ?...

ווער בראָנעוועט און פיטערט ?
ווער אַקערט און ווער זייט ?
ווער גראָבט אין שאַכט די קוילן ?
ווער האַמערט, שפּינט און נייט ?

ווער שאַפט דעם רייכן אַלדאָס גוטס
און האָט קיין ברויט צו זאַט ?
— דאָס אַלעס איז דער אַרבעטסמאַן,
דער פּראָלעטאַריאַט !

ווער האָט זיך אויפגעהויבן,
וויל מער נישט זיין קיין קנעכט ?
ווער קעמפט שטאָלץ און מוטיק
פאַר פרייהייט און פאַר רעכט ?

אויף וועמענס פּלייצעס ליגט די ערד,
ווער שאַפט מיט מוט און קראַפט ?
— דאָס אַלעס איז דער אַרבעטסמאַן,
דער פּראָלעטאַריאַט !

ש. פרוג

# דאָס ליד פון דער אַרבעט

אַ לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן מיט ליבשאַפט און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאָזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!
געבענטשט זאָלן זיין דער וואַרשטאַט, דאָס שפּינדל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער, אַ זומפּיקער וועג.
דער סערפּ איז פון שטאָל, דער האַמער — פון אייזן,
קיין צירונג קיין גרויסע זענען זיי ניט;
אין זיי אָבער ליגט אונזער קראַפט, אונזער לעבן,
אָן זיי איז אוממעגלעך איין־איינציקער טריט.
טאָ לויבט־זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן מיט ליבשאַפט און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאָזאָליעס,
דער שטערן פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

נאָכעם יוד

# מיר קומען אָן

אַ יאַנטעוו מאַכט אויף אַלע מערק,
און פייערן צינדט אָן אויף בערג!
מיר קומען — שטורעמס אָן אַ צאַם,
פון לאַנד צו לאַנד, פון יאַם צו יאַם.
מיר קומען אָן, מיר קומען אָן! (בים)

רעפריין: און פעסט און זיכער אונזער טראָט!
מיר קומען אָן פון דאָרף און שטאָט,
מיט הונגער־פייערן אין בליק,
מיט הערצער אויסגעבענקט נאָך גליק!
מיר קומען אָן, מיר קומען אָן! (בים)

מיר גייען אַלע פעסט און גרייט
ווי ליכטיק פלאַקערט אונזער פרייד;
מיר שלאָגן פייער אוים פון שטיין
און ווער ס'איז יונג — מוז מיט אונז גיין!
מיר קומען אָן, מיר קומען אָן! (בים)
רעפריין...

# גיט די הענט זיך

גיט די הענט זיך שוועסטער, ברידער,
פענער הויבט צום הימל אויף.
ס'טראָגן זיך די פרייהייטס־לידער
גלייך צו זונען־ליכט אַרויף

זאָל זיך אונזער ליד צעקלינגען
דרייסט און פריי אין יעדן לאַנד
אומעטום, ווו קינדער זינגען
אייניקט זיי דער פרייהייטס־באַנד.

פריי זענען, פריי זענען מיר סקיפּיסטן
מיר גייען האַנט ביי האַנט;
מיר ווילן רויטע פענער טראָגן
איבער וויטן לאַנד

מיר גייען, מיר גייען פעסט צוזאַמען
קיינער גייט צוריק
אַזוי וועלן מיר אויסבויען
אונזער קינדער־רעפּובליק.

# מיר זענען יונג

מיר זענען יונג, די וועלט איז אָפן,
אָ, די שיינע, ווייטע וועלט!
יוגנט־בענקשאַפטן, יוגנט־טרוימען
לאָקן אונז אין וואַלד און פעלד.
ברודער, הייב דעם קאָפּ אויף מונטער,
שטערן פינקלען מאָלע־ביין.
הייב די בליקן, שטרעב אין ווייטן
מיר זענען יונג און דאָס איז שיין.
פילסטו ווי פון הינטער וועלדער,
רופט און רייצט אַ ווייטער קאַנט
ס'ציען לאַנקעס זיך און פעלדער
מיט בלומען ניי און אומבאַקאַנט
ברודער, פּאַק דעם רוקזאַק שנעלער
און מערבאַקים לאָמיר גיין.
רעגן, ווינט, ווער ווערט ניספּאָעל —
מיר זענען יונג און דאָס איז שיין.
מיט מאַזל־גליק די זון וועט צינדן,
פלאַמען ליכט אין אונזער וועג.
ס'וועט דער לעצטער שטראַל פאַרשווינדן,
שטערן לייכטן אונז אין וועג.
לאָמיר וואַנדערן אין ווייטן,
עס איז פריילעך — מונטער זיין,
וועגן אין דער וועלט באַגלייטן
מיר זענען יונג און דאָס איז שיין.

# אונזער ליד

צווישן פעלדער אויפסניי
ווידער לעבן מיר פריי,
אונזער צוקונפט שוין ווידער עס בליט.
איבער יעדן געצעלט
זאָגן אָן מיר דער וועלט,
אַז שוין ווידער עס קלינגט אונזער ליד.
ווידער זענען מיר דאָ
אין אַ גליקלעכער שעה,
אונזער קאַמף מאַכט אונז קיינמאָל נישט מיד.
ס'מעג דער סוינע זיין בייז,
די געפאַר מעג זיין גרויס —
דאָך עס קלינגט, יעדער זינגט אונזער ליד.
ווי דאָס וואַסער אין טייך,
מיט די פייגל צוגלייך —
אַזוי פריי איז אויך אונזער געמיט.
אויפן לאַגער אין וואַלד
ועט צעקלינגען זיך באַלד —
אונזער פריילעכעס, מונטערעס ליד.
אויפן לאַגער־אַפּעל
שווערן מיר פאַר דער וועלט,
אַז דער צוקונפט זיין וועלן מיר טריי
אין דער בלוטיקער שלאַכט,
אין דעם קאַמף מיט דער נאַכט
קלינגען וועט אונזער ליד אויפדאָסניי.

# די וואַנדער־צייט

די וואַנדער־צייט איז אָנגעקומען
טראָמפּייט — ער רופט מיט קראַפט.
דעם שטעקן אין דער האַנט גענומען
אַ פעסטן כאַווערשאַפט ! — — —

מיר וואַנדערן מיט געזאַנגען
ס'הילכט אין פעלדער מונטער אונזער שטים,
עס טראָגן זיך די קלאַנגען,
פון אונזער פרייהייטס־הימן.

איז איצט דער הימל בלוי און ליכטיק
און באַלד גיסט ווי פון אַ פאַס.
צי איז עס טאַקע אַזוי וויכטיק
ווען אַלץ אויף דיר איז נאַס.

אין אָוונט ביי אַ פייער,
ווערן טרוקן בלוזע, הויזן, קלייד
מען נעכטיקט אין אַ שייער —
דאָס איז די גרעסטע פרייד.

# בונדישע יוגנט

פאָרויס נאָר מוטיק שפּאַנט,
די רויטע פאָן אין האַנט;
אין רייען שטעלט זיך אויס
און שפּאַנט פאָרויס...

אַ סאָף צום שקלאַפן צייט,
די גאַנצע וועלט באַפרייט...
די יונגע גוואַרדיע —
דער „יוגנט בונד".

זאָלן די פאַשיסטן קריצן מיט די ציין.
זאָלן זיי צווינגען אונז אין קייטן גיין.
ס'וועט דער שווערער קאַמף נישט זיין אומזיסט,
בונדישע יוגנט — זייט באַגריסט!

# מיר גייען

צעשטעלט זיך נאָר קינדער, מיט וואַנדער־געמיט
אַזוי ווי די העלדן אין רייען.
און הילכיק זאָל קלינגען דאָס יידישע ליד
מיר גייען, מיר גייען, מיר גייען.

אַרויס פון דעם שטאָטישן טומל און דראַנג
אויף זוניקע וועגן, שאָסייען.
פאַרשפּרייטן דאָס יידישע וואָרט דורך געזאַנג
מיר גייען, מיר גייען, מיר גייען.

זאָל העלפן אונז זינגען דאָס ווינטל אין פעלד,
אין רוימען די קלאַנגען צעווייען.
פאַרשפּרייטן דעם ניגון אין גאָר, גאָר דער וועלט,
מיר גייען, מיר גייען, מיר גייען.

און זאָלן זיך וועלדער אויף באַרג און אין טאָל,
מיט אונזערע לידער דערפרייען.
דער עכאָ זאָל מיטזינגען הויך אויפן קאָל,
מיר גייען, מיר גייען, מיר גייען.

צעשטעלט זיך נאָר קינדער, מיט וואַנדער געמיט
אַזוי ווי די העלדן אין רייען.
און הילכיק זאָל קלינגען דאָס יידישע ליד
מיר גייען, מיר גייען, מיר גייען.

# מיר, סקיפּיסטן...

מיר סקיפּיסטן זענען יונג (3 מאָל)
טוט אַ נייע ליד אַ זונג.

סיי אין שטורעם, סיי אין רעגן (3 מאָל)
בלאָנדזשען מיר אויף די וועגן.

מיט געווער און מיט קליי־זייען (3 מאָל)
וועלן מיר די וועלט באַפרייען.

ס'מוז די וועלט זיין אַ באַפרייטע (3 מאָל)
פון סקיפּיסטן — אַ באַנייטע.

# די פּאַן אין האַנט

די פּאַן אין האַנט
פאָרויס באַנאַנד
אין סקיפּ אַריין, אַריין, אַריין.
אַרויס פון שטאָט
מיט פעסטן טראָט
אין סקיפּ אַריין מיר גייען (בים)
די פרילינגס־צייט
האָט זיך אויסגעשפּרייט
איבער דער גאַנצער וועלט.
עס בליט אין טאָל
סקיפּיסטן אָן אַ צאָל
מאַרש אַריין אין סקיפּ (בים)
דער פויגל זינגט
אין לופט עס קלינגט
אַ בלעטער־רויש
אַ פרילינגס־שטים.
און אַלץ אַרום
און אַלץ אַרום
זאָל לוסטיק זיין
ווי מיר, ווי מיר.

# יוואַלאַ

עס גייען אויף זוניקע וועגן,
סקיפּיסטן מיט פרייליכע טריט.
מאַרשירן אין ריי צווישן שטעגן
און זינגען זיך מונטער אַ ליד —

רעפריין: מיט יוואַ-לאַ-לאַ-לאַ, יוואַ-לאַ-לאַ-לאַ
יוואַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ
לאַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ } בים

פריילעך און לוסטיק מיר זענען,
ווייל צום לאַגער עס איז שוין נישט ווייט;
פיל מאָל שוין געווען צו באַקענען
דאָס לאַנד אין דער לענג, אין דער ברייט.

רעפריין...

און איצטער מיר קומען שוין ווידער,
אויפן לאַגער צו לעבן זיך שיין,
און זינגען סקיפּיסטישע לידער,
מיט דעם אָטאָ שיינעם רעפריין.

רעפריין...

# אַ מעכטיקער רוף

עס הערט זיך אַ מעכטיקער רוף אומעטום
פון אַרבעטער־קעמפער אין שלאַכטיקן פעלד;
אַ רוף פון אַרמייען, אַ צאָרנדיק געברום
צעהילכט און צעקלינגט זיך אַרום און אַרום.
מיר מוזן פאַרניכטן דעם פיינט אומעטום
מיר מוזן באַפרייען, באַנייען די וועלט ! } בים
ס׳לעבן איז ביטער, דער היינט אַזוי שווער,
דער נעכטן געבראַכט האָט אונז הונגער און פיין;
די קעמפער, די בראַווע אין טפיסעס פאַרשפאַרט,
די הענט האָרעפאַשנע באַרויבט און גענאַרט.
נאָר ס׳בוילט זיך די פויסט און מיט צאָרן זי וואַרט
צו הויבן די פאָן, וואָס וועט פלאַטערן הויך ! } בים
אַרויס, פראָלעטאַריער פון שאָפּ און פאַבריק,
פאָרויס קעגן סוינע, קיין טראָט נישט צוריק !
פאָרויס קעגן סוינע, קיין טראָט נישט צוריק,
עס ווערן די מאַסן באַפרייט !
מיר שפאַנען פון דאַנען, פון נאָענט, פון ווייט,
די קעמפער, די בראַווע, צום זיג !
עס ווערן די אַרבעטער־מאַסן באַפרייט,
מיר שפאַנען צוזאַמען צום זיג !
צום זיג פאָרויס,
צום זיג פאָרויס !
פאָרויס, פאָרויס !

# אונז אייניקט די ליבע

שוין שיינט אויף פאַר אונז דער פרימאָרגן רויט,
זאָגט אָן אונז פרייהייט און גליק.
מעג זיין אונזער לעבן פון פוינע באַדראָט,
דאָך פרייהייט ברענגט אונז דאָס ליכט.

רעפריין :

אונז אייניקט די ליבע, אונז אייניקט די נויט
צו קעמפן פאַר פרייהייט און ברויט ! } ביס

מיר רייסן די קייטן פון לויז־שקלאַפעריי,
מיר ברעכן דעם ווילן פון מאַכט.
צום קאַמף קומט־זשע ברידער אַריין אין דער ריי,
צום קאַמף וואָס שנעלער, דערוואַכט !

רעפריין : . . .

# פּראָלעטאַריער לוסטיקע

מיר פּראָלעטאַריער לוסטיקע
אין אומעטיקע צייטן
דאַן הויבן מיר די שטימען אויף
און זינגען אין דערווייטן.

רעפריין: דער וועג פאָרויס איז אונזער קאַמף
דער זיג איז אונזער ברודער;
די גאַנצע וועלט איז ווי אַ שיף
און מיר זענען דער רודער.

מיר וועלן איינגעמען די וועלט,
פון פאַלשקייט און פון ליגן,
הערשן וועט גערעכטיקייט
ווען מיר וועלן זיגן.

רעפריין...

און ווען די צייט וועט אָנקומען
צו גיין אויף באַריקאַדן,
דאַן הויבן מיר די שטימען אויף:
פאָרויס קאַמעראַדן!

רעפריין...

# יאַטן

דאָרט ביים גרענעץ, דאָרט ביים פעלד
שטייען יאַטן אויסגעשטעלט:
קיינמאָל דורשטיק, קיינמאָל מיד, } ביים
שטייען יאַטן און מען היט...

דאָרט ביים גרענעץ יאָגן פערד,
גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט;
ווער אַ יאַט איז — מוז זיין גרייט,
אי אויף טרויער אי אויף פרייד.

דאָרט ביים גרענעץ, דאָרט ביים פעלד,
שטייען יאַטן אויסגעשטעלט.
קיינמאָל דורשטיק, קיינמאָל מיד. } ביים
שטייען יאַטן און מען היט...

מ. בראָדערזאָן

# בלומען

פעלדער גרינע, וועלדער רוישן.
גייען מיר מיט פולע קוישן,
בלומען אָן אַ שיר;
גייען מיר אַרומגענומען
און באַקראַנצט מיט יונגע בלומען
אין דעם בונטן ציר.
זינגען, שפּרינגען מיר און טאַנצן,
און פון פרייד די אויגן גלאַנצן
בלומענדיק און ריין!
ווער באַקראַנצט וויל זיין מיט בלומען
זאָל צו אונז, צו אונז זאָל קומען,
קומען זאָל צו גיין!
מיר אַפּגעבן אין גאַנצן
און אין פעלדער ווייטער טאַנצן,
לאָזן ווייט זיך גיין!
לאָזן גיין זיך גיך, געשווינדער,
ווייל מיר זענען אַלע קינדער —
בלימעלעך אַליין!

# מאַכנעם גייען

שטעלט זיך קינדער אין די רייען,
די פלאַקאַטן טראָגט פאָרויס!
מאַכנעם גייען, גייען, גייען (בּיס) } בּיס
אין דעם קאַמף צום זיג פאָרויס!

ווער עס שרעקט זיך און האָט מוירע
וויל מיט אונז אין קאַמף נישט גיין,
יענער איז אַ שקלאַף געבוירן (בּיס) } בּיס
און זאָל בלייבן אין דער היים.

פעסטער, שטאַרקער שליסט די רייען
קאָפּ אַרויף און ברוסט פאָרויס
מאַכנעם גייען, גייען, גייען (בּיס) } בּיס
אין דעם קאַמף צום זיג פאָרויס!

אונזער וועג צום זיג איז זיכער,
ווען פאַרייניקטע מיר גייען.
יענער איז אַ שקלאַף געבוירן (בּיס) } בּיס
וואָס וויל בלייבן אין דער היים!

# מער קיין קריג !

ניין, ניין, מיר ווילן קיין וואָפן טראָגן
ניין, ניין, מיר ווילן ניט מער קיין קריג.
הער, זאָלן די גרויסע הערן זיך אַליין גיין שלאָגן
מיר מאַכן דאָס קיינמאָל מער ניט מיט
ניין, ניין ! ניין !

# רויטע פאַלקן

אין בלויען העמד,
פון יעדן דערקענט —
דאָס זענען רויטע פאַלקן!
הערט אונזער רוף,
הערט אונזער געזאַנג —
מיר, קינדער פון פּראָלעטאַריאַט!

רעפריין: רויטע פאַלקן פאָרויס, (בים)
לאָזט די פענער ווייען;
די פרייהייט איז אונזער ציל!

די בלויע בלוי,
די בינדע רויט,
ווייל רויט זענען די פאָנען,
געטראָגן שטאָלץ
אין פעסטע הענט
פון אַרבעטער־מיליאָנען! רעפריין...

איבער באַרג
אַ רויטע פאָן,
אין וואַלד — אַ ווייס געצעלט;
דאָרט האַלט מען מוט
צו קעמפן גוט
און פרייהייט ברענגען דער וועלט! רעפריין...

# ספּאָרט־מאַרש

ליבע זון, וואַרף העלע שטראַלן,
דיינע גאָלדענע רינגען שיק אַראָפּ.
היי, פֿאַווייריס, נאָר ניט פֿאַלן,
ברוסט פֿאָרויס, שטאָלץ און הויך
האַלט אייער קאָפּ.

רעפריין:

ס'וועט דער קערפּער און דער גייסט
בלייבן שטענדיק יונג
אַ טאַנץ, אַ לויף, אַ שפּרונג,
אַ לוסטיק ליד אַ זונג.
שרעק זיך ניט פֿאַר פֿראָסט און ווינט,
בלייב שטענדיק געזונט און פֿאַרפֿעסטיקט
ווי שטאָל.

מיר מאַכן ספּאָרט!
מיר גייען לויטן טאַקט: איינס, צוויי, זייט זשע גרייט
דער וועג פֿאַר אונז איז אָפֿן און ברייט.
פֿרייע אַרבעטער־קינדער זענען מיר
קוקט זיך איין רעכטס און לינקס.
ס'בליט פֿאַר אונז אַלצדינג גרין.

ליבער ווינט, גלעט אונזער קערפּער,
די פרישסט אָפּ אונזער קאָפּ און אונזער ברוסט.
יעדער קען דאָך ווערן יינגער
ווער מיטן ווינטל אַ שפּיל טאָן זיך האָט לוסט.

רעפריין: . . .

טאָ מאַכט־זשע ספּאָרט, ס'איז אונזער לאָזונג
קום מיט אונז! שליס זיך אָן אין אונזער ריי.
בלייבסטו יונג און שטענדיק מונטער
און אין מאַרש זינג אונזער ליד: איינס און צוויי.

רעפריין: . . .

# אָ, קום שוין שטילער אָוונט...

אָ קום שוין שטילער אָוונט
און וויג די פעלדער איין.
מיר זינגען דיר אַ לויב-ליד
אָ, שטילער אָוונט-שיין. } ביס

ווי שטיל עס איז געוואָרן,
די לופט זי ווערט שוין קאַלט,
זיין ליד האָט שוין פאַרענדיקט,
דער סאָלאָוויי אין וואַלד... } ביס

עס ווערט שוין פינסטער די לאַנקע
עס קומט די נאַכט צו גיין...
די ווייסינקע בעריאָזע
בלייבט שטיין אין וואַלד אַליין } ביס

# אַרום דעם פייער

אַרום דעם פייער מיר זינגען לידער
די נאַכט איז טייער,
מיר ווערן נישט מידער.
אוּן זאָל דאָס פייער פאַרלאָשן ווערן,
שיינט אונז דער הימל,
מיט זיינע שטערן...
באַקרוינט דעם קאָפּ
מיט בלומען-קראַנצן,
אַרום דעם פייער
מיר פריילעך טאַנצן
ווייל טאַנצן, זינגען
איז אונזער לעבן
דערנאָך אין שלאָף
באַלוימעס וועבן...

# פאַרגעס דעם צאַר

פאַרגעס דעם צאַר — דער צאַר פאַרגייט
מיר דאַרפֿן לעבן נאָר פֿאַר פֿרייד,
טאָ פֿרייט זיך אַלע גלייך —
דאָס לעבן איז פֿאַר אייך!
ניט קוקט, וואָס ס'איז דער הימל שוואַרץ
די זון שײַנט אויף, דערפֿרייט דאָס האַרץ;
און ברענגט אונז ווידער מוט
ווידער דווישט דאָס יונגע בלוט.
רעפֿריין: קוק זיך אום — מאָרא פֿראַכט,
אַלץ אַרום שטייט שטיל פֿאַרטראַכט;
זינגט דאָס האַרץ נאָר אַליין:
אַך ווי שיין איז דאָס לעבן, ווי שיין.
זע ווי ס'בליט, זע ווי ס'בליט,
זאָל זשע קלינגען אונזער ליד;
איבער בערג, איבער טאָל,
לעבן מיר נאָך איין מאָל, נאָך איין מאָל!
אַלע טרוימען און פֿאַרלאַנגען
פֿון דער ווײַטסטער יוגנט צײַט
אַך, זיי זענען שוין פֿאַרגאַנגען ...
אַך, זיי זענען איצט שוין ווײַט.
ס'האָט אַ נײַע פֿרייד געגעבן
אונז דאָס לעבן איצט צוריק
ס'איז די פֿרייד פֿון אונזער לעבן,
ס'איז די פֿרייד פֿון אונזער גליק. רעפֿריין...

# פרילינגס־קלאַנגען

עס האָבן פרילינגס-קלאַנגען
פון ווייטן זיך דערהערט,
מיט בלומיקע געזאַנגען
פון אויפגעוואַכטער ערד.
רעפריין: אַך, דו וואַך אויף
מיין האַרץ פון שלאָף
אַ סאָף צום טרויער,
שוין אַ סאָף.
וואַך אויף, מיין האַרץ (בים)
אַך, דו וואך אויף מיין האַרץ פון שלאָף,
אַ סאָף צום טרויער, שוין אַ סאָף.
עס זינגט די ערד אַ רויע
אַ ווינטל שירע זאָגט.
עס קוקן הימלען בלויע
ווי אָקאָרשט אויסגעצוואָגט... רעפריין:
אָ בלומען, בונטער טעפיך
האָט פאַרביק זיך צעשפרייט,
פון דיר, אָ פרילינג, שעפ איך
מיין העלע יוגנט־פרייד. רעפריין.

## די וועלט וועט ווערן ייִנגער

אָ, די וועלט וועט ווערן ייִנגער
און דאָס לעבן לייכטער, גרינגער —
יעדער קלאָגער ווערט אַ זינגער,
ווערן אַלע ברידער באַלד.
אָ, די וועלט וועט ווערן שענער,
ליבע גרעסער, סינע קלענער,
צווישן פֿרויען, צווישן מענער,
צווישן לאַנד און לאַנד.
אָ די וועלט וועט ווערן פֿרייער,
שענער, בעסער און געטרייער,
און דער עמעס ליב און טייער
אויף דער גאַנצער וועלט.
אָ, די וועלט וועט ווערן קליגער
און פֿאַריאָגן דעם באַטריבער
אים דעם פֿוקס און אויך דעם טיגער
פֿון דעם פֿרייען פֿעלד.
מוטיק ברידער, מוטיק שוועסטער
אָ, דער קאַמף דער לעצטער, גרעסטער
רופֿט אייך פֿון די פֿוסטע נעסטער,
רופֿט אייך אַלע צונויף.
האַלט אייך, מוטיק אין די רייען,
אין די רייען צו באַפֿרייען,
צו באַפֿרייען און באַנייען
אונזער אַלטע וועלט.

# אין די בערג

זאָל ווער ס׳וויל רימען שטעט און שלעסער
ליב איך דאָך די בערג פיל בעסער —
מיינע בערג (3 מאָל)
— נישט די שטאָט !
כאָטש ווינטן שטורמען, היצן ברענען,
פריש און מונטער, בערג־לייט זענען.
אין די בערג (3 מאָל)
נישט אין שטאָט.

רעפריין :

איך וויל אַוועק פון דאַנען,
העי, העי, העי, העי
אין לאַנד, ווו אייביק זומער איז,
פון בוימוואָל און באַנאַנען.
העי, העי, העי, העי
פון בערג־טיטאַנען.
ס׳איז מיר שוין לאַנג די שטאָט דערעסן,
כ׳וויל אין איר פאַרגעסן דאָרט אין מיינע בערג;
מיינע בערג, מיינע בערג,
נישט די שטאָט.
כ׳האָב פיינט די שטאָט מיט איר געווימל
כ׳בענק נאָך יענעם בלויען הימל,

אין די בערג, אין די בערג,
נישט די שטאָט.

רעפריין:

איך וויל אַוועק פונדאַנען,
העי, העי, העי, העי,
אין לאַנד וווּ אייביק זומער איז
וווּ ס'איז מיין וועג געשטאַנען.
העי, העי, העי, העי
מיין וועג געשטאַנען...

# די טשערעדע

ווער זינגט עס דאָרט אויף יענעם ברעג,
ווער זינגט אַזוי געהיים?...
דאָס טרייבן יונגע פּויערטעס,
די טשערעדעס אַהיים.
די טשערעדע צום וואַסער גייט
און טרינקט זיך לאַנגזאַם אָן
פון ווייטן, ווייטן קלויסטער־גלאָק
דערהערט זיך אַ גלין־גלאָן.
אַ שיפעלע באַווייזט זיך ווייט
צוויי פישער זיצן דאָרט;
זיי קוקן שטאַר אין טייך אַריין
און רעדן נישט קיין וואָרט.
דער ערשטער וואַרפט די נעץ אַרויס,
דער צווייטער רודערט שטיל. —
די פייער־זון באַהאַלט זיך שוין.
אַ סאָף צום פאַרבן־שפּיל.
דער טייך איז נאָר־וואָס רויט געווען, —
איצט איז ער טונקל־בלאָ —
נישטאָ שוין מער קיין פּויערטעס,
קיין טשערעדע נישטאָ.
דאָך שוועבט, עס שוועבט נאָך אומעטיק
אַ קלאַנג פון יענעם ברעג;
ווי עמעץ וואָלט באַדויערן
דעם טאָג וואָס איז אַוועק.

## דאָוויד איינהאָרן

# אַ וויג־ליד

אַליע, ליולע, אַליע, ליולע —
שלאָף, מיין טייערער, אין רו;
וויל איז דעם, וואָס האָט אַ מאַמען ⎫
און אַ וויגעלע דערצו. ⎬ בים
אַליע, לולע, לו. ⎭

אַלצדינג קען מען דאָך געפינען,
אַלצדינג קריגט מען נאָך פאַר געלט;
נאָר אַ מאַמע, זי איז איינע — ⎫
מער ניט איינע אויף דער וועלט. ⎬ בים
אַליע, לולע, לו. ⎭

שלאָף, מיין טייערער, מיין ליבער,
מאַך די אויגן צו און רו;
גוט איז דעם, וואָס האָט אַ מאַמען, ⎫
און אַ וויגעלע דערצו. ⎬ בים
אַליע, לולע, לו. ⎭

מ. קאָרמאַן

# אין אַן אָרעם שטיבעלע

אין אַן אָרעם שטיבעלע,
אָוונט־צייט ביים קוימען (בים)
שפּינט אַ ליבע מוטער דאָרט } בים
פאַר דעם קינד אירס טרוימען.
זינגט זי אים אַ לידעלע,
פּאַטשט עס מיט די הענטלעך, (בים)
זינגט דאָס גאַנצע שטיבעלע, } בים
זינגען מיט די ווענטלעך
פּאַטשע, פּאַטשע קיכעלעך
אויצערל מיין שיינער,
פּאַפּע ט'קויפן שיכעלעך,
זונעלע מיין קליינער.
פּאַפּע ט'קויפן שיכעלעך,
מאַמע ט'שטריקן זעקלעך;
פּאַפּע ט'קויפן פערדעלעך,
מאַמע ט'אָנטאָן גלעקלעך.

אָט אַזוי אין שטיבעלע,
הערשט אי גליק אי פריידן, (בים)
זייט ביי זייט מיט אָרעמקייט, } בים
ווינט דאָרט אַ גאַן־איידן.

העכער איז די ליבע דאָרט,
העכער איבער אַלעם; (בים)
שטאַרקער איז די ליבע דאָרט,
שטאַרקער ווי דער דאַלעס.

## אַ גוטע נאַכט

שיינען שטערן אויפן הימל,
די לעוואָנע לייכט — אַ פּראַכט;
הימל, שטערן און לעוואָנע
ווינטשן אונז אַ גוטע נאַכט.

אַ גוטע נאַכט, קינדערלעך, אַ גוטע נאַכט, גוטע נאַכט.

הימל, שטערן און לעוואָנע,
וואָס האָט איר פאַר אונז געבראַכט?
שטיל רו און זיסן כאָלעם
און אַ ליבע, גוטע נאַכט.

אַ גוטע נאַכט, קינדערלעך, אַ גוטע נאַכט, גוטע נאַכט.

## זינגענדיק

זינגענדיק —
טרייסט זיך די וועלט די פֿאַרוווּנדעטע,
און דורך געזאַנג
עפֿענען זיך די הענט געבונדענע.
זינגען מיר, זינגען מיר, זינגען מיר ⎫
און אַלע וועלטן פֿאַרקלינגען מיר. ⎭ ביס

זינגענדיק —
וועקט זיך די וועלט די פֿאַרמאַטערטע,
און דורך געזאַנג,
מיט פֿענער רויטע און צעפֿלאַטערטע
זינגען מיר, זינגען מיר, זינגען מיר ⎫
און אַלע וועלטן פֿאַרקלינגען מיר. ⎭ ביס

זינגענדיק —
וואַכט אויף די וועלט די פֿאַרבלוטיקטע,
און דורך געזאַנג,
פֿרייען זיך הערצער געמוטיקטע.
זינגען מיר, זינגען מיר, זינגען מיר ⎫
און אַלע וועלטן פֿאַרקלינגען מיר. ⎭ ביס

# אַ גרוס דער וועלט

לאָמיר ברידער האַרציק זינגען,
אונז געהערט די גאַנצע וועלט,
זאָל דאָס ליד מיט קויעך קלינגען
ברידער, אונזער מאָרגן העלט.

אָ! די ליבע בינדט שוין ווידער,
וואָס די סינע האָט צעטיילט;
אַלע מענטשן ווערן ברידער,
און די וועלט — זי ווערט באַפרייט.

כ'דריק צום האַרצן
אייך מיליאָנען,
כ'שיק אַ גרוס
דער גאַנצער וועלט!

בים

ש. אַנ־סקי

# אַ שיינער טאָג

אַ שיינער טאָג, אַ פרילינגס טאָג
וואַכט אויף אין מיין זיכּאָרן.
אַ שיינער טאָג — אַ גאָלדענער,
פון מיינע קינדער יאָרן. } בּיס

איך שטיי אין אונזער גערטעלע,
די וויינשל־בּיימער בּליִען;
עס פלאַמען מיינע בּעקעלער,
די אייגעלעך זיי גליִען... } בּיס

עס זאָגט מיר אָן די מאַמעשי,
איך זאָל זיך נישט פאַרגעסן
און ווען די זון וועט אונטערגיין,
דאַן זאָל איך קומען עסן. } בּיס

דער טאַטע הערט זיך איין און קוועלט
און גיט דערבּיי אַ שמייכל
און זאָגט מיר אָן: „געדענק, מיין קינד,
פאַרקריך נישט ווייט צום טייכל"! } בּיס

# טומבאַלאַלייקע

שטייט אַ בּוּיער, טראַכט און טראַכט,
טראַכט און טראַכט אַ גאַנצע נאַכט.
צי זאָל איך אים נעמען און נישט פאַרשעמען,
עפּשער אַ צווייטע וועט זיך דאָרט קלעמען.

רעפריין :

טומבאַלאַ, טומבאַלאַ, שפּיל באַלאַלייקע (בּים)
שפּיל באַלאַלייקע (4 בּים)

הער נאַר, דוניאַ, וואָס כ'וועל דיך פרעגן
וואָס קען וואַקסן אָן אַ רעגן;
וואָס קען ברענען און ניט אויפהערן,
וואָס קען וויינען, וויינען אָן טרערן ?

רעפריין :...

נאַרישער בּויער, דאַרפסט גאָרנישט פרעגן,
אַ שטיין קען וואַקסן אָן אַ רעגן;
ליבע קען ברענען און נישט אויפהערן,
אַ האַרץ קען וויינען, וויינען אָן טרערן.

רעפריין :...

וואָס פאַראַ מילנער איז אָן אַ מיל ?
וואָס פאַראַ לעפל איז אָן אַ שטיל ?
וואָס פאַראַ מיילעך איז אָן אַ לאַנד ?
וואָס פאַראַ וואַסער איז אָן אַ זאַמד ?

רעפריין: ...

אַן אָפּגעברענטער מילנער איז אָן אַ מיל,
אַ צעבראָכענער לעפל איז אָן אַ שטיל.
דער מיילעך פון קאָרטן איז אָן אַ לאַנד,
דאָס וואַסער פון אויג איז אָן אַ זאַמד.

רעפריין: ...

וואָס איז העכער פאַר אַ הויז ?
וואָס איז פלינקער פאַר אַ מויז ?
וואָס איז טיפער פון אַ קוואַל ?
וואָס איז ביטער, ביטערער ווי גאַל ?

רעפריין: ...

אַ קוימען איז העכער פון אַ הויז,
אַ קאַץ איז פלינקער פון אַ מויז,
דער סייכל איז טיפער פון אַ קוואַל,
דער טויט איז ביטער, ביטערער ווי גאַל.

רעפריין: ...

# די געדאַנקען זענען פריי

די געדאַנקען זענען פריי,
ווער קען זיי איינצוימען?
זיי פליען גיך פאַרביי
ווי שאָטנס אין רוימען.
קיין מענטש קען זיי וויסן,
קיין שלאָס קען זיי שליסן; —
עס איז דאָך נישט ניי —
דער געדאַנק — ער איז פריי!

איך טראַכט וואָס איך וויל
און וואָס קען מיך פרייען,
נאָר אַלץ אין דער שטיל,
די געדאַנקען — זיי גייען.
מיין ווונטש און באַגערן
קען קיינער נישט שטערן;
עס איז דאָך נישט ניי —
דער געדאַנק — ער איז פריי...

איר ווילט מיך אַליין
אין טפיסע פאַרשפאַרן;
איך לאַך פון דער פיין,
פון מענטשן — דעם האַרן,
ווייל מיינע געדאַנקען
קען קיינער נישט צוימען;
עס איז דאָך נישט ניי —
אַז איר געדאַנקען זייט פריי!...

א. רייזען

# די נייע צייט

און זאָל ווי ווייט
נאָך זיין די צייט
פון ליבע און פון שאָלעם —
דאָך קומען וועט,
צי פרי, צי שפּעט בים
די צייט — עס איז קיין כאָלעם

איך הער דאָס ליד
פון ליבע, פריד,
די מעכטיקע געזאַנגען:
און יעדער טאָן
פון ליד זאָגט אָן: בים
די זון איז אויפגעגאַנגען.

עס עקט די נאַכט.
די וועלט דערוואַכט
פול האָפנונג, לוסט און שטרעבן.
דו הערסט אין לופט,
אַ שטימע רופט בים
צו מוט, צו קראַפט און לעבן.

י. ל. פערעץ

# האָפֿ און גלויב

האָפֿ, האָפֿ, האָפֿ
ניט ווייט איז שוין דער פרילינג.
עס וועלן שמעטערלינגען שפרינגען.
נייע נעסטן, נייע פויגל
וועלן נייע לידער זינגען.

די נאַכט,
די נאַכט איז שוין פאַרשווונדן,
און די וואָלקנס אויך צערונען.
בלוי וועט זיין דער הימל,
נייע שטערן, נייע זונען.

נייע רויזן, נייע בלומען
וועלן בליִען, וואַקסן הויך,
עס וועט שיינען, שמעקן, זינגען
און אין אונזער ווינקל אויך.

# דער ווינטער

דער ווינטער איז געקומען
דער שניי שיט און שיט.
מיר זיצן אין צימער
און זינגען אַ ליד.
} ביס

אַ ליד און אַ שפּיל
אַ טענצל דערביי —
מיר פֿרייען זיך אַלע
ווי ס'וואָלט געווען מאַי.
} ביס

ס'מעג שנייען און דרייען
אָן אויפהער אין גאַס —
דער ווינטער וועט זיין אונז
אַ טייערער גאַסט.
} ביס

י. גליכבערג

## דריי ייִנגעלעך

די מאַמע האָט דריי ייִנגעלעך,
דריי ייִנגעלעך געהאַט,
מיט ווייכע, רויטע בעקעלעך;
ווי צאַרטע סאַמעט גלאַט.

האָט איינס געהייסן בערעלע,
דאָס צווייטע — פאַיִם־שמערעלע,
דאָס דריטע האָט געהייסן...
מען זאָל אים קויפן שיך.

איך האָב אייך אָפּגענאַרט!
איך האָב געוווסט איר וואַרט;
דאָס דריטע קליינע ייִנגעלע,
דאָס דריטע — דאָס בין איך.

די מאַמע האָט דריי ניסעלעך,
פון דעם יאַריד געבראַכט;
דריי גוטע, פעטע ניסעלעך,
דריי ניסעלעך אַ פראַכט.

איז איינס געווען פאַר בערעלען,
און איינס פאַר כאַים־שמערעלען,
און גאָר דאָס בעסטע ניסל —
האָט זי געלאָזט פאַר זיך.

איר ווונדערט זיך אַ ביסל,
פאַרוואָס נישט מיר אַ ניסל ?
ווייל ניסן, ניסן, ניסעלע,
דאָס דריטע — דאָס בין איך...

די מאַמע האָט אַהיים געבראַכט
צוויי ניסעלעך און מיך,
צוויי ניסלעך פאַר די ברידערלעך
און מיר — צוויי נייע שיך.

# דאָס קעלבל

אויף אַ וואָגן ליגט אַ קעלבל,
ליגט געבונדן מיט אַ שטריק,
הויך אין הימל פליט אַ פויגל,
דרייט זיך, פרייט זיך הין און צוריק.

רעפריין :

לאַכט דער ווינט אין קאָרן,
לאַכט און לאַכט און לאַכט;
לאַכט ער אָפּ אַ טאָג אַ גאַנצן,
מיט אַ האַלבער נאַכט.
דוניאַ, דוניאַ, דוניאַ, דוניאַ (בים)

שרייט דאָס קעלבל, לאַכט דער פויער :
— ווער־זשע הייסט דיר זיין אַ קאַלב;
האָסט געקאָנט דאָך זיין אַ פויגל,
האָסט געקאָנט דאָך זיין אַ שוואַלב.

רעפריין.

בידנע קעלבלעך טוט מען בינדן,
און מען שלאָגט זיי און מען שעכט.
ווער ס'האָט פליגל, דער קאָן פליען,
איז ביי קיינעם נישט קיין קנעכט.

רעפריין.

# ראָנדאָ, ראָנדאָ

רונדאַ, רונדאַ, רונדאַ — רום.
אויף די קאַרוזעלן,
יאַנקל, באַנקל, בול, בול, בול.
הערט נישט אויף צו קוועלן.
אַ פּוס אַהער, אַ פּוס אַהין,
און דאָס פערד אינמיטן.
יאַנקל, באַנקל, פּייער־פלאַם,
אויב רייטן איז געריטן.

ראָד אַריין און ראָד אַרויס,
אויש דער קאָפּ פאַרדרייט זיך.
יאַנקל, באַנקל, שמייסט זיין פערד,
שמייסט זיין פערד און פרייט זיך.
ס'קלינגען גלעקלעך,
ס'פּויקט די פּויק.
די שאַרמאַנקע זשומעט.
ס'טאַנצט די וועלט אַ קאַראַהאָד,
דרייט זיך אַלץ אַרומעט.
רונדאַ, רונדאַ...

ס'האָבן פליגן איינגעשפּאַנט
אין וואָגן אַ פּאָר אָקסן,
קינדער, קינדער, קינדערלעך,
מיר זענען אויסגעוואקסן;
מיר האָבן הענט און פיסעלעך,
מיר ציען אויס די גלידער.
יאַנקל, באַנקל, פּייער־פּלאַם
פּאַל־זשע נישט אַנידער.
רונדאַ, רונדאַ אַ. אַז. וו.

# אַ לויף און אַ געפּילדער

אַ לויף און אַ געפּילדער
אַ ראַש, אַ ראַש אַ ווילדער
דער גלאָק האָט שוין געקלונגען
און קינדער טאַנצן, שפּרינגען.
זיי ברומען, זיי זשומען,
פאַרהילכן אויש דעם זאַל.
דער ווישט, דער שטויסט,
דער וואַרפט זיך מיטן באַל.

אַ לויף און אַ געפּילדער,
אַ ראַש, אַ ראַש אַ ווילדער
דער גלאָק האָט שוין געקלונגען
און קינדער טאַנצן, שפּרינגען
זיי הוליען, זיך קוליען,
ביי געלעבט, וואָס דען ?
דער ברויזט, דער שטויסט,
און דער ווייזט וואָס ער קען.

אַ לויף און אַ געפּילדער,
אַ ראַש, אַ ראַש, אַ ווילדער
דער גלאָק האָט שוין געקלונגען
און קינדער טאַנצן, שפּרינגען.
שוין פריי, אויף ס'ניי
און יאָגן, זיך טראָגן
אַהיים, אַהיים, צוריק.

# אין אַ שטעטל

אין אַ שטעטל שטייט אַ שטיבל
מיט אַ גרינעם דאַך (בים)
אין אַרום דעם שטיבל וואַקסן } בים
ביימעלעך אַ סאַך.

און דער טאַטע און די מאַמע,
— כאַנעלע מיט מיר (בים)
שוין אַ לאַנגע צייט אינאיינעם } בים
וווינען אַלע פיר — — —

און דער טאַטע אַרבעט, אַרבעט
אַלע יאָרן זיינע (בים)
און ער קויפט אונז און ער מאַכט אונז } בים
זאַכן שיינע פיינע.

קויפט אַ פערדל, וואָס עס הירזשעט,
מיטן נאָמען מוציק (בים)
קויפט אַ הינטל וואָס עס האַווקעט } בים
מיטן נאָמען צוציק...

קויפט אַ גאַנז מיט אַ ווייסן האַלז,
פעדערן ווייס ווי שניי... (בים)
קויפט אַ הון וואָס קוואָקעט, קוואָקעט } בים
ביז זי לייגט אַן איי...

נעמט די מאַמע אָט די אייער,
אוי איז דאָס אַ מויפעס (בים)
זעצט אַרויף אויף זיי די קוואָקע (בים)
האָבן מיר שיינע אויפעס.

# לאַגער-ליד

לאָמיר אויסזינגען אַ לידל, לידל, לידל, לידל
ווי אין לאַגער איז געווען, ווען, ווען.
אויף דער זון מיר פלעגן ליגן, ליגן, ליגן, ליגן
ווי די קעצלעך זיך געברענט, ברענט, ברענט. { ביס

אַ ראַכמאָנעס אויפן בייכל, בייכל, בייכל, בייכל,
ווייל עס וואַקסט דער אַפּעטיט, טיט, טיט.
אויפן מיטאָגדיקן מייכל, מייכל, מייכל, מייכל
נישט דערוואַרטן קען מען זיך, זיך, זיך. { ביס

און קאַרטאָפּעלעך געשמאַקע, מאַקע, מאַקע, מאַקע
איז דאָך טאַקע אַן אַנטיק, טיק, טיק...
האָט אָרקעסטער־גרופּע ווירטשאַפט טאַקע, טאַקע,
גיט מען אונז קיין עסן נישט, נישט, נישט. { ביס

לאָמיר אויסזינגען אַ לידל, לידל, לידל, לידל
פון דער קינדער־רעפּובליק, ליק, ליק.
פון קאָרוואָלער לאַגער, לאַגער, לאַגער,
פאָרן גלוסט זיך נישט צוריק, ריק, ריק. { ביס

הערט אַ מייסע, קינדערלעך,
הערט מיט נאָז און אויגן;
איבער באָבע יאַכנעס דאַך
איז אַ קו געפלויגן!

דאָס איז עמעס, דאָס איז עמעס,
דאָס איז עמעס אַלץ געווען.
דאָס איז עמעס, דאָס איז עמעס,
דאָס האָב איך אַליין געזען.

זומער אָוונט אין דער פרי
איז אַ שניי געגאַנגען,
און אויף אַ געברענטער שטרוי
איז אַ בער געהאַנגען.
דאָס איז עמעס...

אויף אַ בוים געטאַנצט אַ שער,
האָבן גענז און ציגן
און די קאַץ האָט זיך געזעצט
אויסמעלקן די פליגן.
דאָס איז עמעס...

האָט אַ פאַווע איינגעשפאַנט
העכט אַ פּאָר אין צעבער
און ביי יאָשקען אויף דער נאָז
הענגט אַ לונג און לעבער.
דאָס איז עמעס א. אַז. וו.

# רייזעלע

אוי רייזעלע, האָט זי אַן אייזעלע
מיט לאַנגע אויערלעך און פיסלעך קליין,
אַ קוועטש אַ קנעפּעלע, הויבט זיך דאָס קעפּעלע
שאָקלען און וויגן זיך יאָ, יאָ און ניין
מען גיט אַ צי אַ העקעלע,
הערט זיך אַ געזאַנג,
אויפן האַלז דאָס גלעקעלע
קלינגט עס גלין, גלין, גלאַן.
דאַן פרעגט דאָך רייזעלע: פאַרוואָס זאָג אייזעלע,
האָסטו פיסלעך קורצינקע, אויערן לאַנג?

איז רייזעלע אַ מיידל,
אַ שטיפערקע, אַ ברען,
אין פענצטער ווי אַן אייזל,
ווי אַ קליינטשיקן דעריזען
ווײַנט רייזעלע און טומלט —
זי וויל אַן אייזעלע, וואָס לאַכט.
האָט טאַטע פון יאַריד אַנומלט
איר אַזאַ געבראַכט.

אוי רייזעלע, האָט זי אַן אייזעלע
א. אַז. וו.

## סאָרעלע

פּאָרעלע איז אין וואַלד אַוועק, וועק, וועק,
רייסן בלומען אַ בוקעט, קעט, קעט,
אין וואַלד אַ ווינטעלע בלאָזט קיל, קיל, קיל,
אַרום די ביימער שטייען שטיל, שטיל, שטיל...

ס'הערט זיך ערגעץ פון דער ווייט, ווייט, ווייט
אַ קוקאַווקעלע וואָס שרייט, שרייט, שרייט
— זאָג מיר פייגעלע די מיין, מיין ,מיין
וויפל וועט מיין לעבן זיין, זיין, זיין?

ס'הערט דאָס פייגעלע זיך צו, צו, צו
און צעזינגט זיך איר קו, קו, קו, קו
— צוואַנציק - דרייסיק - הונדערט יאָר, יאָר, יאָר!
— אַ דאַנק דיר פייגעלע ביז גאָר, גאָר, גאָר!

# ציפּעלע

עס האָט די קליינע ציפּעלע
פאַרביסן זיך אַ ליפּעלע.
— אָ, ציפּעלע, וואָס וויינסטו,
אַן עפּעלע — דאָס מיינסטו ?
— אָ, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט עס אַז איך וויין?
עס האָט די קליינע ציפּעלע
פאַרקניפּט איר מויל אַ קניפּעלע.
— אָ, ציפּעלע, וואָס וויינסטו,
צוויי עפּעלעך — דאָס מיינסטו?
— אָ, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט דאָס, אַז איך וויין?
און ס'טרייסלט זיך איר קעפּעלע
צוזאַמען מיט איר צעפּעלע.
— אָ, ציפּעלע, וואָס וויינסטו,
דריי עפּעלעך — דאָס מיינסטו?
— אָ, ניין, ניין, ניין —
איך וויל אַ קוש — נישט מיין !

# אַ יידיש לידל

זינג־זשע מיר אַ לידל נאָר אין יידיש, יידיש,
זאָל עס זיין מיסנאַגדיש אָדער כסידיש
די באָבעלע אַליין זאָל קענען עס פאַרשטיין
און טאַקע אַ יידיש טענצל גיין.

רעפריין :
שפּיל, שפּיל, קלעזמערל שפּיל,
ווי אַ יידיש האַרץ האָט געפיל.
שפּיל, שפּיל, שפּיל, אַ טענצעלע פאַר מיר,
שפּיל, איך בעט דיך, מיט נעשאָמע און געפיל.

זינג־זשע מיר אַ לידל פון די פּליטים, פּליטים
פון דעם פאָלק צעזייטן און צעשפּרייטן
און זאָל דער סוינע זען, ווי איך נאָר טאַנצן קען
און טאַקע אַ טענצעלע מיט ברען.
רעפריין.

זינג־זשע מיר אַ לידל פון דעם שאָלעם, שאָלעם
זאָל עס זיין אַ שאָלעם, נישט קיין כאָלעם.
די באָבעלע אַליין זאָל קענען עס פאַרשטיין
און טאַקע אַ שאָלעם טענצל גיין.
רעפריין.

# אינהאלט

זייט

## צו אַ בעסערן מאָרגן...



## איך ליב די אַרבעט

זייט

—

## אויף זוניקע וועגן...

זייט

## אין אָוונט — ביי אַ פייער...



## זינגענדיק...

זייט

